ז ל מ ן  ש ז ר

# אין שליחות

## לידער אונטערוועגס



פאַרלאַג „זריעה"
א ו ן
יידישע קהלה אין אורוגוויי

מאָנטעווידעאָ
1972

# אינהאַלט

# די תפלה

פון מתתיהו אשכנזי בלאַך
דעם משולח פון שבתי צבי

**אחר זאת עשה (שבתי צבי)**
**שלוחים שילכו בכל קהלות הגולה**
**להודיע טבעו, בעולם ולהבטיח**
**ממלכתו בקרב כל ישראל.**

(תורת הקנאות עמ' 24)

זלמן שזר

# אין שליחות

לידער אונטערוועגס

א

איך ווייס נאָך ניט וווהין, צי וועמען
איך האָב מיין אָנזאָג מיטגעבראַכט,
ווער וועט אים מיט דורשט פאַרנעמען
און ווער מיט פיינדשאַפט און פאַרדאַכט.

ס'איז אומבאַקאַנט מיר פאָלק און לאַנד
און קליין מיין זכות און שוואַך מיין האַנט.
בלויז זיין שליחות פלאַמט אין מיר
און איך געדענק און הער און שפיר :

אַ געראַנגל איז איצט דאָרט
צווישן אויסלייזונג און שאַנד
און יעדע האַרץ איז אַ געווין
און יעדער טאָג אַ יום הדין

און אונדזער עולם איז צעשפרייט
און אונדזער זאַמל-קראַפט איז : רייד.

אָ, העלף מיר, גאָט,
אין יעדן אָרט
און זיי מיט מיר
און בענטש מיין וואָרט.

זלמן שזר
# אין שליחות
לידער אונטערוועגס

ב

דו אַליין האָסט דאָך גערעדט שוין קלאָר
אין צייכנס גרויזאַמע און דייטלעכע ביז גאָר,
אין שחיטות בלוטיקע, אין ימען טרערן,
אַזוי אַז שטיינער זאָלן אויך דערהערן...

דו האָסט כמעלניצקים שווערד אַ צי געטאָן פון שייד
אויף קהלות הייליקע אַ לאָז געטאָן דעם טויט.

דו האָסט אַ צינד געטאָן די זון פון גליק
און אויסגעלאָשן זי אין אויגנבליק...

כדי דער פאַרבלענדעסטער און רויקסטער אין דור
זאָל אויך דערזען פאַר זיך זיין אָפּגרונט קלאָר,

און זאָל די בייזע קללה פון זיין הפקרקייט דערהערן
און אַ פאַרציטערטער אויף אייביק ווערן.

און אַ ווייל האָט זיך געדאַכט,
ס׳האָט דערשפּירט דאָס פאָלק און זיך פאַרטראַכט
און האָט זיך אָנגעברייט...
אַ ווײַלע נאָר — און אַלץ פאַרגייט!

זלמן שזר
אין שליחות
לידער אונטערוועגס

דו האָסט אַ רגעלע נאָר אָפּגעטאָן דיין צאָרן
און אַלץ איז ווידער שוין געוואָרן
ווי געווען...
אַזוי ווי עס וואָלט גאָרנישט ניט געשען...

ג

בלויז פאַראייניצלטע האָבן דערהערט
וואָס עס מאָנט פון זיי דיין שטים און וואָס באַשווערט
בלויז איינזאַמע, אין אַלטע קהלות און אין נייע
יונגע, איידעלע און פרום געטרייע
איבער אַלע גלותן צעשפּרייטע
געלייטערטע אין פּיין און צו נסיונות גרייטע,
אויף אַלע ווייטאָקן פון גאולה פריש דערפרייטע
האָבן זיי דיין בשורה טיף פאַרנומען
און געקומען...
שיינט דאָרט איצטער זייער ליכט
אויפן שוועל פון דיין געריכט.
גאָט, דו גרויסער, גאָט געטרייער,
העלף מיר איצט, פון זייער פייער
אויפצופאַנגען כאָטש איין פונק

צו צינדן אַלט און צינדן יונג
און ווי ער ברענט נאָך, לויכט און גליט
צעטראָגן אים פון ייִד צו ייִד,
פון האַריץ צו האַריץ, פון אָרט צו אָרט
אָ, העלף מיר גאָט און בענטש מיין וואָרט.

ד

און גיב מיר כוח, גאָט, דאָס ערגסטע אויך דערציילן
ניט פאַרשענערן און ניט פאַרהוילן:
אויפן שוועל פון לעצטן גליק
געשטאַרקט האָט זיך דער ס"ם צוריק,
און עס העלפן אים געטריי
פרעמדס און אייגנס, אַלט און ניי,
אי פרנסים, אי רבנים
אי פאַררעטער, אי נאַראָנים
אי די מאַכט פון יאַניטשאַר,
אַלע, אַלע קעגן האַר...
און וויי איז מיר, און ווינד און וויי
עס קלינגען קייטן שווער צוויי
אויף זיינע ביידע שיינע הענט.

## זלמן שזר
# אין שליחות
### לידער אונטערוועגס

דאָס אויג זיינס לויכט, דאָס וואָרט זיינס ברענט
און קייטן, קייטן אויף די הענט...
אַלץ דערציילן, ניט פאַרהוילן
כדי דערשפירן זאָלן זיי
ווי אונדזער שלאַכט איז שווער אַזוי.

ה

און אויב איך האָב עס ניט פאַרדינט
ווייל מיין האַרץ איז פול פון זינד
און אויב דיין שטראָף איז מיר באַשערט,
שטראָף מיך גאָט ווי איך בין ווערט.
אָבער שפּעטער, ניט אַצינד!
איצט איז ניט קיין צייט פאַר דין.
אין געפאַר איז דיין משיח,
איך בין איצטער זיין שליח
איצטער העלף מיר ווי איך בין...
און אומעטום וווהין איך קום
אין יידן זאַמלען זיך אַרום,
אָ, העלף מיר דאָרט, אין יעדן אָרט
און זיי מיט מיר און בענטש מיין וואָרט.

אויפן שיף קיין ניו יאָרק
1927

זלמן שזר
**אין שליחות**
לידער אונטערוועגס

## רבונו של עולם, ניט קוק אויף מיין צלם...

(אַ שפּאָגל־נייע תחינה / אַרויסגעהערט פון אַ יונגער
פרוי / און פאַרצייכנט כמעט געווי).

און יעדן פרימאָרגן
ביים אָנטאָן דעם צלם
זאָגט זי שטיל און פאַרבאָרגן:

רבונו של עולם,
גאָטעניו ליבער,
דו קוקסט דאָך אַריבער
פון הימל דעם הויכן
און זעסט אומעטום —
ווייסטו דאָך, געטרייער,
ווי דו ביסט מיר טייער,
נאָר ווי גרויס איז דער פייער
וואָס פלאַמט איצט אַרום!

רבונו של עולם,
פאַרגיב מיר מיין צלם!
דו האָסט דאָך רחמנות
אויף יעטווידן זינדער
און ווייסט די סכנות
אַרום דיינע קינדער;
און לייענסט כוונות
פון יעדן באַזונדער,
טאָ האָב זשע רחמנות
אויף מיר אויך אַצונדער.

זלמן שזר

# אין שליחות

לידער אונטערוועגס

די קוקסט דאָך אין הערצער
און שפּירסט מיין געמיט.
אויב איך טו וואָס מען טאָר ניט —
ווייסט דו, אַז ס'איז גאָרניט,
דו ווייסט און פאַרשטייסט
אַז איך קאָן אַנדערש ניט — —

רבונו של עולם,
דו איינציקער, ליבער,
„אַז מע קאָן ניט אַריבער
מוז מען אַרונטער" —
פלעגט אַמאָליקע יאָרן
מיר זאָגן מיין מאַמע,
וואָס איצט איז געוואָרן
מיט מיין מאַן צוזאַמען
אין אוישוויץ פאַרברענט...

ניין, טאַטעניו מיינער,
איך האָב ניט קיין טענה,
ווייל אַנדערש מסתמא
האָסטו אויך ניט געקענט --
טאָ מישפּט אויך מיך ניט
לויט דיין דין דעם האַרבן
און ראַטעווע איצטער
באַטש מיך פון פאַרדאַרבן --
און קני איך אין קלויסטער
מיט שכנים אין איינעם
זיי דו, גאָט, מיין טרייסטער
און הער צו מיין וויינען.

זלמן שזר

# אין שליחות

לידער אונטערוועגס

אָ, גאָטעניו ליבער,
אָ, טאַטעניו גוטער,
פאַרנעם די מיין תפילה
אויף דאָרטן אַפילו
און שיק מיר אַריבער
פון ערגעץ אַ נס.

רבונו של עולם,
ניט קוק אויף מיין צלם,
ניט קוק און פאַרגעס.
דו קוקסט דאָך אין הערצער,
נו, ווייסטו און זעסט,
רבונו של עולם,
רבונו של עולם!

פאַריז, 1946

## ש מ ח נ ו

שמחנו כימות עניתנו
שנות ראינו רעה.
(תהלים)

**גיב אונדז, גאָט, אַזויפיל פרייד
ווי רייך דו האָסט געשיקט אונדז לייד,
און באַלויכט אונדזער פרייהייט אַזוי יום טובדיק שיין
ווי פאַרביטערט עס איז אונדזער גלות אַליין.**

לייק סוקסעס
29־11־47

## פּאָטער פון ישראל

גרויסער גאָט, דו פּאָטער פון ישראל
העלף מיר בלויז נישט ווערן נתפּעל
פון די שטרויכלונגען פון דיינע טרייע;
און שטענדיק געדענקען זייערע געהויבענע מעלות
די אַלטע און די נייע.
און טאָמער אַפילו
זאָל איך נישט דערגרייכן
צו וואָס מען מוז שטרעבן,
האַלט מיך גאָט אויף מיינע אייגענע הייכן!
און זאָל דאָס זיין דיין צייכן,
אַז כל זמן כ'וועל לעבן
זאָל איך ניט געשטראָפט ווערן, חלילה,
מיט קטנות המוחין.

1951

זלמן שזר
**אין שליחות**
לידער אונטערוועגס

## דער נייער מאַראַנען־סדר

לזכר נשמת אחי אברהם ז״ל

ס׳איז וואָכעדיק מיין סדר
און המצדיק מיין טיש.
ריכט איך אָפּ מיין סדר,
מערקט עס קיינער נישט.
ריכט איך אָפּ מיין סדר
שטומערהייט, אַליין,
מאַכט פּסחדיק מיין חדר
אַ גלעזעלע מיט ברוין...

שוויַג איך די הגדה
מיט חשק און התמדה
שרייט מיין שוויַגן העכער
פ׳נעם העכסטן שאַל,
קום איך צו „עבדים״
רייסט זיך אָפּ מיין פּאָדים
טרינק איך אויס מיין בעכער
אָנגעפּילט מיט גאַל...

זלמן שזר

# אין שליחות

לידער אונטערוועגס

דערמאָן איך זיך און דרשע,
געוועזן אַמאָל ערשט איז וואַרשע...
קומט מיר אָן צום חלום
אַ בריוו פון תל-אביב,
דרשע איך און דרשע
אַנדערש גאָר די פּרשה,
קומט מיר גאָר צום חלום
אַ זעגל מיט אַ שיף...

ווערט יום טובדיק מיין חדר
און פּסחדיק מיין טיש
צעזינג איך זיך ביים סדר,
הערט עס קיינער נישט...
צעזינג איך זיך נאָך העכער
„דיינו"! און „לחיים"!
הויב איך שטום מיין בעכער:
„לשנה הבאה בירושלים"!

ניו יאָרק, ערב פסח 1954

זלמן שזר

# אין שליחות

לידער אונטערוועגס

## צווישן מאָסקווע און ירושלים

קער איך זיך אום
פון מיין פיין אַ באַגליקטער...
מיר האָט זיך באַוויזן
דער יורש פון מיינע ריזן —

אַ דעמב, אַ צעפליקטער,
וואָס פלאַטערט אין שטורעם
באַוונט פון יסורים,
צעבלוטיקט און שטום,

אין פאַריתומטן שווייגן
קראַכן אוראַלטע צווייגן
וואָס עס ברעכט זיי און שינדט
פון זיין קערפער דער ווינט...

די אין ליבשאַפט געהיטע, —
אשר טפחתי ורביתי —
פאַרשוועכט און באַשמוציקט
פאַרשווינדן געשווינט — —

זלמן שזר
# אין שליחות
לידער אונטערוועגס

צאַפּלט נאַקעט פֿאַרטראַכטער,
מײַן דעמב, דער פֿאַרלאַכטער.
ס׳פֿעלן צווייגן? ס׳פֿוילט אַ שורש?
אָבער פֿון ריזן אַ יורש!...

וואָס בלוטיק-געבוקטער,
אַלץ האַרציקער צוקט ער
און דערהויבט זיך אין שטורעם
ווי פֿון האָפֿענונג אַ טורעם...

תמוז תשכ״ב
1963
אין עראָפּלאַן

## פֿאַרנאַכט אין ירושלים

אין מיטן הימל שטייט אַ בוים
שטייט ער בלוי פֿאַרצויגן
ווערט גרינער דאָס בלויע און בלויער דאָס גרין,
אַ בלוילעכע בלייכקייט פֿאַרשפּרייט זיך דין דין,
ווערט שאָטנדיק טונקל, פֿאַרוואָלקנט דער בוים
אַ פֿינצטערע שטילקייט צעגיסט זיך געהיים,
ווערט קילקייט און שטילקייט מיט סודות פֿאַרטראַכט
פֿאַלט צו די נאַכט...

ירושלים, ניסן תשי״ח

זלמן שזר
אין שליחות
לידער אונטערוועגס

## פון ירושלים קיין נעפּאַל

קאַטמאַנדו
דו ביסט דו,
אינגאַנצן דו
פאַרטאָן אין זיך...
און איך בין איך.

קום איך אויך
פון אַ הויכער הויך
און טראָג דיר רו
זאָג דו מיר רו
קאַטמאַנדו!

און אין טאָל פון הימאַלאַי
פון אָרעמקייט און געצעריי
שטיי אונדז ביי
פון דאָס ניי
גאָט פון סיני!

קאַטמאַנדו,
17־3־1966

זלמן שזר

# אין שליחות

לידער אונטערוועגס

## יידישע אויגן

יידישע אויגן מיט דאַנקשאַפט פאַרצויגן,
איך האָב אייך דערקענט צווישן טויזנטער אויגן,
זיי פינקלען אַנטקעגן פון ביידע זייט וועגן,
מאַמעשע, קינדערשע, מיידלשע אויגן.

און עלטערע יידן, מיט אַ בליק שוין אַ מידן
וואָס געדענקען און בענקען און גאַפן צופרידן,
און יונגוואַרג צעהיצטע וואָס שלינגען דעם שיין,
אַלע, אָ אַלע, געבענטשט זאָלט איר זיין.

און אויך אויגן פאַרגרויטע, שוין יאָרן פאַרגויטע
פאַרפרעמדטע, פאַרשעמטע, וואָס שטוינען פאַרחידושט
אויך איר קוקט מיר אויס דאָ פאַרוונגט און פאַרייִדישט.
און אַפילו איינגאַנצן אָן גלויבן, אָן לשון,
צעצינדט זיך, צעצינדט זיך און ווערט ניט פאַרלאָשן!
יידישע אויגן, צו טריישאַפט דערצויגן,
היט אָפּ אייער גלאַנץ און פאַרטיפט אייער פראַכט.
פאַר אייך איז דער נס פונעם כבוד פאַרטראַכט.

זלמן שזר
**אין שליחות**
לידער אונטערוועגס

**גליט אין אים העלער און וואַקסט אין אים דרייסטער,**
**געליבט איז ישראל וואָס קען זיין אַזאַ טרייסטער!**
**און דערפרייטע, געגרייטע, געדענקט: אחישנה**
**נחמו-נחמו, און הלואי ותחזינה.**

מאָנטעווידעאָ,
מנחם־אב תשכ״ו

# אנא בכח

אנא
איך בעט דיך, מיטן כוח פון דיין רעכטן אָרעמס גרויסקייט,
קניפּ אָפּ די געבונדענע.
פאַרנעם דעם געזאַנג פון דיין פאָלק
דערהויב אונדז, פאַרכטיקער, און מאַך אונדז ריין.

אָ, מעכטיקער, די וואָס זוכן דיין איינציקייט
היט זיי אָפּ ווי דעם שוואַרצאַפּל פון אויג.
בענטש זיי, רייניק זיי, לויט די רחמים פון דיין גערעכטיקייט
באַלוין זיי אַלע מאָל.
הייליקער, געפעסטיקטער, מיט דער שפע פון דיין גוטסקייט
פיר דיין געמיינשאַפט.
איינציקער שטאָלץ פון דיין פאָלק, גיב זיך אַ ווענד,
צו די וואָס געדענקען דיין הייליקייט.

אונדזער יאָמער נעם אויף, און דערהער אונדזער געשריי,
קענער פון געהיימנישן.
געלויבט זאָל זיין דער נאָמען פון דיין קעניגרייכס כבוד
אויף אייביק עולמות.

ירושלים, כ״ח אייר תשכ״ז

זלמן שזר
אין שליחות
לידער אונטערוועגס

## אַ תּפילה לשלום ישׂראל

טראָגט זיך איצט ווידער, פון האַרץ ווי פון סידור
די תּפילה די שטילע, איינציק און ריין:
ה׳ עוז לעמו יתּן!

גאָט זאָל ישׂראל איצט שטאַרקייט פאַרשאַפן
שטאַרקייט אין ווילן און שטאַרקייט אין וואָפן
און שטאַרקייט אין איינהייט, סיי אַלט און סיי ניי,
סיי פרומע, סיי פרייע — אַלע געטריי.
און ליבע זאָל פליִיצן פון האַרץ ווי אַ שטראָם
פון יעטוועדן יידן באשר הוא שם.
וה׳ יברך את עמו בשלום!

פּאַריז, 20־11־55

# זלמן שזר

## (געצײלטע ביאָגראַפישע דאַטן)

געבוירן געוואָרן י"א תשרי תר"ן (6-10-1889) אין מיר, רוסלאַנד. פּאָטער: יהודה־לייב רובאַשאָוו; מוטער: שרה גינזבורג. געלערנט אין אַ ישיבה; אין דער פּעטערבורגער אַקאַדעמיע פאַר יידישע וויסנשאַפטן און אין די אוניווערסיטעטן פון פרייבורג, שטראַסבורג און בערלין. דאָ אויך מיטגעאַרבעט אין פּאַרש־אַר־בעטן מיט פּראָפ' שמעון דובנאָוו צווישן 1914-1918. 1920 חתונה געהאַט מיט רחל קאַצנעלסאָן. טאָכטער: רודה. אין ארץ ישראל זינט 1924. פון 1923 ביז 1951 — פּרעזידיום־מיטגליד פון ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט. אין 1925 — מיטגרינדער פון „דבר". דעלעגאַט צו ציוניסטישע קאָנגרעסן זינט 1921. אין שליחותן פון דער „הסתדרות" געווען אין די פאַרייניקטע שטאַטן אין 1927, 1932, 1934-36; אין אייראָפּע — 1929 און 1934-36. ערשטער בילדונג־ און קולטור־מיניסטער פון מדינת ישראל. 1949 — מיטגליד פון דער ישראל־דעלעגאַציע אין די פאַרייניקטע נאַציעס. חוץ פיל הונדערטער עסייען אין פאַרשידענע פּעריאָדישע אויסגאַבעס, איז שזר אויך דער מחבר פון אַ ריי ביכער: תולדות בקורת המקרא; לאפאל היהודי והגרמני; משבר האומה במשבר העולם; שם לאבא (זכרונות); כוכבי בוקר און אור אישים. עס איז שוין געמאָלדן דאָס בקרובדיקע דערשיינען פון שזרס נייע ביכער אין מדינת ישראל. שזר האָט אויך איבערגעזעצט רחלס לידער אויף יידיש און זיי זענען דערשינען אין צוויי אויפלאַגעס אין ב. איירעס. בשעתו — ראש המחלקה לחנוך ולתרבות בגולה ביי דער יידישער אַגענץ. זינט מאַי 1963 — נשיא פון ישראל.

## ביז איצט דערשינען אין פאַרלאַג „זריעה״:

| | |
|---|---|
| זעליק באַרדיטשעווער — לידער מיט ניגונים (מיט נאָטן) | 1948 |
| איציק וויינשענקער — פאַר אַלט־נייע התחייבותן | 1948 |
| שמואל איזבאַן — די שטאָט פון צאָרן (ניו יאָרקער דערציילונגען) | 1955 |
| איציק וויינשענקער — פשוט מתוך ליבשאַפט | 1955 |
| י. וויינשענקער — בויערס און מיטבויערס פון יידישן ישוב אין אורוגוויי | 1957 |
| שלמה אבן־שושן — באַבי יאַר | 1962 |
| איציק וויינשענקער — אורוגוואַרצלען | 1969 |
| אליעזר שטיינבאַרג — צען משלים / עשרה משלים | 1970 |
| זלמן שזר — אין שליחות / לידער אונטערוועגס | 1972 |

## אין דרוק:

איציק וויינשענקער — באַמערקונגען צו
אין שליחות / לידער אונטערוועגס
פון זלמן שזר

